

# דער

# אַלפאָנסען —

# — פאָגראָם

## אין ווארשא

פון

ע. נ. פרענק.



ווארשא, תרס"ח

דרוק י. עדעלשטיין, נאַלעווקי 38.



פרייז 7 ק'.

דער

# אַלפאָנסען — — פאָגראָם

## אין ווארשא

פון

ע. נ. פרענק



ווארשא, תרס"ח

דרוק י. עדעלשטײן, נאַלעווקי 38.

РАЗГРОМЪ ВОРОВЪ.

Тип. Эдельштейна, Налевки 38.Варшава, 1908.

# „חוש".

(אַ בילד פון דעם גנבים־און לופּאַנאַשען־פּאַגראָם אין וואַרשאַ).

— טהירעלע, טהירעלע, עפען זיך! —

און ער האָט אויפגעהויבען די שווערע האַק, וואָס ער האָט געפונען אין דער גיך און מיט'ן גאַנצען כח אַקלאַפּ געטהון אויף די שווערע, דונקעל־געלבע שראַנק־טהירען, וואָס זענען געוועזען בעלעגט מיט אויסגעשניצטע פרוכטען, פייגעל, חיות, שלאַנגען און עגדיסען און עפּעס משונה'דיגע בלומען.

— הוראַ, חוש, הוראַ! — האָבען אַרויסגעשריען בערך דרייסיג מענשען, וואָס זענען דאָרט געוועזען, זעהענדיג ווי די טהירען זענען מיט איינמאָל אונטער זיין האַק אויף קליינע שפּענער צושמעטערט געוואָרען, און פון אַלע זייטען זענען געפאַלען אויף דער ערד לאָמפּען, שפּיגלען, טישלעך, שטוהלען, וואָס נאָר איינעם איז אין דער האַנד געקומען.

חוש האָט מיט גאוה פערוואָרפען דעם קאָפּ אַרונטער, צו די פּלייצעם, אַזוי, אַז דאָס שמאָלע, פערפעצטע, אָבגעשאָסענע היטעל איז איהם אַוש פון דעם קאָפּ אַראָבגעפאַלען און זיינע גרויע, פערשוואַרצ־סענדע אויגען האָבען אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, אויף זיינע חברים, וואָס האָבען נישט אויפגעהערט צו שרייען:

— הוראַ, חוש, הוראַ!

ער, חיים, וואָס הייסט ביי די חברים חוש, פלעגט אַלע מאָל מיינען, אַז אַ שניידער־איינגעל, בפרט ווען ער איז נאָך אַ שניידערס אַ זוהן אויך, מוז זיין ביי

זיך און בײַ אַלעמען אַ בזוי, אַ בלאָטע, אַ נאַר נישט, דאַרף זיך האַלטען ווײַט פֿון בכבוד׳ע לײַטען, און יעדער מעג איהם מבזה זײַן, בעטראַכטען אַלס אַ ייִדריג בעשעפֿעניש. נאַר קומענדיג פֿאַר אַ יאָהרען קײַן וואַרשאַ איז ער געוואָהר געוואָרען, אַז די מעשה איז פּונקט פֿערקעהרט: די בכבוד׳ע, אויסגעפּרעסענע, אויסגערוהטע מיוחסים, זענען בורזשויען, שווײס־טרינקער, בלוט־זויגער, לעבען נאָר פֿון יענעמס אַרבײַטער אָבער איז אַחלק, אַ גליד פֿון דעם אונגעהויער גרויסען און מעכטיגען פּראָלעטאַריאַט, וועלכער דאַרף און מוז זיך אויסקעמפּפֿען די ממשלה איבער אַלעם, איבער דער גאַנצער וועלט, וואָס געהער מיט רעכט נאָר צו איהם, און איצט טאַקי אַרבײַטעט ער אין דעם דאָזיגען פּראָלעטאַריאַט, מיט זײַנע חברים צוזאַמען, אום מקרב צו זײַן די גאולה זײַנע, די גאולה פֿון רעכטשאַפֿענהײַט, פֿון גערעכטיגקײַט, און זײַן „אַרבײַט“ איז אַזוי גוט, אַזוי טהײַער, אַז ער ווערד אַזוי שטאַרק אַזוי הײס אַפּלאָדיערט!...

ער הויבט אויף נאָך אַמאָל זײַן בײַנעריגע האַנד, וואָס איז געוועזען ווי צוגעוואַקסען צו דער האַק און רופֿט נאָך אַמאָל:

— טהירעלע, טהירעלע, עפֿען זיך!

און האָטש די טהירען פֿון דער צווייטער שראַנק זענען אויך באַלד צושמעטערט געוואָרען, האָט איהם איצט שוין קײנער נישט אַפּלאָדיערט; אַלע זענען געוועזען פֿערנומען: בעפֿאַלען ווי הײַשעריקען אויף די שרענק, געחאַפּט, געריסען, געשניטען מלבושים...״

און וואָס פֿאַר אַ מלבושים! אַזוינע פֿײַנע! אַזוינע טהײַערע!... זײַדענער אונטערשלאַק! און דער שטאָף! אודאי בלוים ענגלישער! זײַן מײַסטער האָט אודאי ווי

לאנג ער לעבט אזא ארבייט נישט געהאט!... און אזוי פיעל, אזוי פיעל ביי איין מענש!... דער „קולאס מיט׳ן „סגי נהור״ רייסען, ציהען, שלעפען פינף פאל טאם צוזאמען... דער „קרומער״ מיט׳ן „פליגעל״ שניי דען מיט מעסערס אפשר פופצעהן וויזיטען-רעק... און דער „פייפער״, דער „אקס״, „פיפקע״, „בורעק״, „שמאטע״ — אלע, אלע רייסען, שניידען, פליקען, און אין די שרענק איז דא נאך און נאך מענער, ווייבער און קינדער מלבושים, אהן א סוף, אהן א שעור!...

— גיכער, חברים, גיכער! — שרייעט „פיפקע״.

— עס איז דען פטור צו ווערען? — ענטפערט „שמאטע״... א גאנצער מאגאזין!...

חוש פאלט אויך צו, הויבט אן צו האקען מיט דער האק ארויסגעווארפענע מלבושים, האקט און האקט, און טאקי גאר נישט פטור צו ווערען!...

וואלט זיין פאטער עליו השלום, אזוי פיעל ארבייט געהאט חאטש דורך א האלב יאהר!... נאר ווען ער וואלט אפילו יעדע וואך געוועזען געהאט אזוי פיעל ארבייט, וואלט געוועזען וואס?... אט, ווי רופט מען איהם: סומראוויטש, סודראוויטש, א גנב, האט אלעס אזוי פיעל... אבער אנ׳ארבייטער?!... ווי זאגט דער „מענה-לשון״? — א אידיש פערדעל! ארבייטען מוז עס ביז צו דער מיתה און האבער — א מכה! נאר א פערד, אז עס פאלט, בעדויערט עס דער אייגענ- טהימער, ווארום ער מוז קויפען אנ׳אנדערס, נאך אנ׳ארבייטער אבער, גיט קיינער קיין זיפץ אפילו נישט, אויף דעם ארט פון דעם איינעם, געפינען זיך פיעל אנדערע, וואס ארבייטען מיט אלע כחות אויף א ביסעל שטרוי, ביז זיי פאלען אויך... ער גערענקט דען נישט, ווי רוהיג און שטיל עס איז געוועזען אין ציעהאנאוויעץ

ווען מען האָט זײַן פֿאָטער צוגענומען? אַ זאַפּאַסנער איז ער געוועזן... בערל דער מלוה, שמחה דער טוך-הענדלער, אברהם דער תבואה סוחר, לייבוש דעם דין'ס זענען אויך זאַפּאַסנע געוועזן, האָט מען מרעיש עולמות געוועזן, איז מען געלאָפֿען, געטהון, גע-זוכט שתדלנים, געגעבען געלד, זענען זיי פֿריי געוואָ-רען... זיין פֿאָטער שמעון שנײַדער, פּנחס שוסטער, פײַוויל דער טרעגער, שמחה דער שמש, נטע דער בעקער—אַרבײַטער, זענען געגאַנגען אין מלחמה אַרײַן... געגאַנגען, און נישט צוריקגעקומען... האָט דאָס עמי-צען געאַרט?...

— חוש, חוש! — שרייעט צו איהם דער „קרו-מער", אַרויסרײַסענדיג פֿון זײַן האַנד די האַק און האַקענדיג מיט איהר אַ גרויסען קרעדענס — נישט דאָ קיין צײַט! שטעה נישט! טהו! אַרבײַט!

— זעהט, חברים, וואָס דאָ טהוט זיך! — שרײַעט ווײַטער דער „קרומער".

חוש טהוט אַ קוק... אוי, אוי! וואָס דאָ טהוט זיך טאקי!... עפּעס מאָדנע טעלער מיט שיסלען!... ווײַס זענען זיי, און עפּעס דאָך נישט ווײַס... מאַט, ווי די באַקען פֿון זײַן שוועסטער בלומה'לע, וועלכע זײַן פֿאָטער האָט אַזוי ליעב געהאַט צו גלעטען און קושען... די בלומען אויף די טעלער, ווי עכטע, אַזוינע ווי די, וואָס וואַקסען אויפ'ן פֿעלד, דאָרט, אונטער ציעחאָנאָוויעץ, וואו ער האָט געפּלעגט געהן שפּאַצירען זומער, אַלע שבת... אַנדערע זענען דאָרט געגאַנגען אַלע טאָג, ער אָבער האָט אין מיטען דער וואָך קיין צײַט נישט געהאַט... אַ שנײַדערס, אַן אַר-בײַטערס אַ קינד!... ער האָט דאָך געמוזט אַרבײַטען מיט'ן פֿאָטער צוזאַמען פֿון 5—6 אוהר אין דער פֿריה

ביז האַלבע נאַכט!... און די שיסלען מיט העגדלעך אין דער הויך!... די לענגליכע גרויסע טעלער, די קלענערע, נאָך קלענערע און גאָר קליינע טעלערלעך... און די פלעשער, גלעזער, גלעזלעך, לעפעל גאָפּ לען!... און די לעפעל, די גרויסע, טיעפע ווי שיס לען, אויסוועגדיג זילבער, אינוועגדיג גאָלד, מיט זעהר לאַנגע העגדלעך, ווי אויף וואַסער פון אַ ברונען צו שעפּען... און אַלעס אַזוי פיעל, אַזוי פיעל און אַזוי שען!... און די מאַכלים, וואָס ווערען מן הסתם גע־געסען אויף אַזאַ געפעס!... אַרבייטער, וואָס אַרביי־טען שווער און ביטער, און מאַכען די אַלע שענע זאַכען פאַר בורזשויען, פאַר גנבים האָבען אודאי קיינ־מאָל אַזוינע מאַכלים פאַר די אויגען נישט געזעהען און מוזען זיך און זייערע קינדער קאַרגען יעדען ביסען ברויד, ווי זיין פאָטער, וואָס ווען ער וואָלט די קינ־דער זיינע געקענט געבען ברויד צו דער זאַט — ווי אַלע שכנות האָבען געזאָגט — וואָלט דאָך ער, חיים, געוועזען „איין ריז אויף דער וועלט" און בלומה'לע — איין איינציגע שענהייט"...

— חברים! — האָט זיך פּלוצלינג געהערט אַ גע־שריי, און ווי דורך אַ כשוף האָט אין איין רגע אויפ־געהערט דאָס געקלאַנג פון דעם צעשמעטערטען געפעס, דאָס קרעכצען פון דעם צובראָכענעם מעבעל און די אויסגעשרייען פון די יונגע־לייט, וועל־כע האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען שטופען אין מיטען דער גרויסער שטוב, מיט די אָבגעריסענע, דיקע דונקעלע, מיט גאָלד דורכגעוואָרפענע טאַפּעטען, וואו אויף אַ באַרג פון צובראָכענע שטוהלען, טישען און כלים איז געשטאַנען אַן'אַנשטענדיג געקליידעטער הויכער יונגערמאַן.

— חבריִם! — האָט ווידער אָנגעהויבען דער יונ־גערמאַן, אַראָבנעהמענדיג פון זיין קאָפּ מיט זיין וויי־סער, אייִדלער האַנד דעם ווייכען, לייכטען, מאַטען פּילץ־הוט און שיסענדיג אין אַלע זייטען פייער מיט זיינע שוואַרצע, טיעפע, לענגליכדיגע אויגען — חבריִם! איהר אַרבייט אומזיסט צופיעל!

מיט אַ וויים, דין טיכעל האָט ער זיך אָבגע־ווישט דעם שוויים פון זיינע דאַרע באַקען, פון דעם הויכען שטערן, פון די העכאַן שוואַרצע האָר. און מיט אַ שמייכעל אויף זיינע דינע, שמאָלע ליפּען מיט נעימות, מיט ליעבשאַפט, ווי אַ פאָטער, וואָס האָט זעהר אַ גרויסע הנאה פון די אויפפיהרונג פון זיינע קינדער, האָט ער זיי ערקלערט, אַז מען דאַרף זיך בענוצען מיט דער צייט, וואָס די הויפּט־רוצחים הויפּט־רויבער, הויפּט־גנבים קענען נישט פערטיידיגען זייערע שטיצער, די פּשוט׳ע גנבים, אַלפאָנסען און סוטענערען, אָדער זיי, די הויפּט־רוצחים, פערשטעהן נישט, אַז דער טוידט פון די גנבים, אַלפאָנסען און סוטענערען איז באמת אויך זייער טוידט, וואָרום אַיינע אָהן די אַנדערע וועלען גאָר נישט קענען עקזיסטירען... דאַדורך דאַרף מען נישט שטעהן רייסען און האַקען; געגוג איז צו נעהמען און אַרויסוואַרפען, און די הונדערטער חבריִם, וואָס שטעהן אויף דער גאַס, וועלען שוין זעהן צו טהון, אַז עס זאָל קיין שריד ופליט פון אַלעם נישט איבערבלייבען.

— אַ טוידט די הויפּט־רוצחים — האָט ער גענע־דיגט — און אַ טוידט די קליינע רוצחים׳לעך, זייערע געהילפען!...

— הוראַ! — האָבען אַלע אַרויסגעשריען און זענען צוגעפאַלען צו דעם רעדנער, געהויבען איהם אין

דער הויך און געקושט זיינע הענד, זיינע מלבושים.

— הורא מענה־לשון, הורא! — האט זיך געהערט א געשריי פון הונדערטער מענשען, וואס זענען געשטאנען אונטען אויף דער גאס — הורא! א טוידט די מערדער, א טוידט די בלוט־זויגער! א טוידט די באנדיטען! א טוידט!... א טוידט!... א טוידט!

— הערט איהר? — האט דער מענה־לשון ווייטער געזאגט אויפהעבענדיג זיין הוט אין דער הויך — הונדערטער חברים האט איהר צו הילף, צו שוטץ און טויזענדער סתם מענשען, שטעהען און בעוואונדערען און בענשען אונז, אונזערע הענד, אונזער גייסט, אונזער גבורה, אונזער מוטה, וואס מאכט איצט די שותפים פון די רוצחים א פאגראם...

מענה־לשון האט ווייטער ערקלערט דעם שייכות, וואס די גנבים, סוטענערען און אלפאנסען האבען צו די מערדער, צו די הויפט־רוצחים. חוש האט אבער שוין נישט געהערט. דאסווארט „פאג־ראם", וואס ער האט דערהערט פון מענה־לשון, האט איהם דערמאנט דאס בריעפעל, וואס עס איז געקומען צו דעם ציעחאנאווצער רב וועגען זיין מוטערס טוידט...

° ווען מען האט זיין פאטער אוועקגעשיקט, האט די מוטער זיינע פערקויפט די קישענס מיט די פערע־נעס, איבערגעלאזט איהם מיט צוויי שוועסטערן זיינע און געפאהרען. זי האט נישט געקענט — ווי זי האט געזאגט — בלייבען אין שטוב, וויסענדיג, אז איהם, דעם מאן איהרען, שיקט מען צו דער שחיטה... און די קינדער? חיים איז שוין אלט זעכצען יאהר, העלפט שוין צו דעם פאטער זעקס יאהר, וועט ער קענען

עפּעס פערדינען און אויף דאָס איבריגע וועט ער חובות איינמאָנען ... מען וועט דאָך וויסען אין וואָס פאַר א לאַגע די קינדער זענען, וועט מען זיי די חובות אָבצאָהלען ... כלומה׳לע איז שוין אַלט פערצעהן יאָהר, וועט זי קענען די קליינע אַלטיעהריגע מאַשעלע אויפּפּאַסען ... און לאַנג וועט זי דאָך נישט זוימען ... זי וועט נאָר פאָהרען צו איהר פעטער גימפּל, וואָס וואָהנט עפּעס ערגיץ נעבען קיעוו, איז אַ וואָיענני שניידער און אויך — ווי מען זאָגט — אַ גרויסער עושר. וועט ער דען איהר מאַן נישט רעטען פון טוידט? ... האָבען זיך אָבער די זאַפּאַסנע עפּעס אין א שטעדטעל צוהוליעט און — ווי יענער רב האָט געשריבען — געמאַכט אַ פּאָגראָם און געהרג׳עט זיין מוטער ...

חוש׳ן האָבען דערמונטערט פון זיינע רעיונות הויכע געשרייען:

— נאַבאָק! אין אַ זייט —

אַזוי האָבען געשריען זיינע חברים, שטעהענדיג ביי די פענסטער און אַרויסוואַרפענדיג אויף דער גאַס צעבראָכען מעבעל, פיגורען, לאָמפּען, זייגערס, שפּיגלען, בילדער.

חוש׳ן האָט דאָס בלוט אויפגעקאָכט אין אַלע אבריה, עס האָט איהם געהויבען, געטראָגען. ער האַפּט אַ גרויסען, שווערען מיט אַ גראָבען דיוואַן בעדעקטען אָטאָמאַן, טראָגט איהם אין דער לופט, ווי אַ קינדער-באַלאָן, ברעכט אַ ראָב די גרויסע, הויכע אָנלעהן זיינע, בויגט איהם איין און — אַרויס דורכ׳ן פענסטער.

— הוראַ, חוש! — איז אונטען געוואָרען אַ געשריי — הוראַ! מאָלאָדיעץ! אַזאַ אָטאָמאַנע — איינער אַליין! מאָלאָדיעץ! הוראַ!

חוש קוקט אַרונטער מיט זײַנע ברענענדיגע אויגען. געגענאיבער דעם פענסטער, וואו ער שטעהט, זענען אַרײַנגערוקט ווײַט עטליכע גרויסע הײַזער, ווי עקסטראַ נאָר אויף דעם, אַז אויף דער שמאָלער קראָכ־מאַלנאַ גאַס, פאַר סומראָוויטשעס וואָהנונג זאָל זײַן אַ שטיקעל פרײַער פלאַץ, און אויף דעם פלאַץ זאָל איצט קענען זײַן אַזאַן געדיכט וואַלד מיט מענשען, בעגאָסען מיט גאָלד פון דער פריהלינגס זון... און די מענשען שאָקלען זיך, רוהרען זיך, ווי אָמת׳דיגע וואַלד־בוימער ווען אַ שטאַרקער ווינד בלאָזט און יאָגט זיי... אונטער דעם פענסטער פון דעם גנב׳ס דירה קריכען מענשען־מוראַשקעס אַהין און צוריק, האַפען אַלץ וואָס ווערד אַראָבגעוואָרפען פון דער הויך, רוקען זיך אָב, רײַסען, ברעכען און—קריכען ווידער צוריק... אָהן אַ שום בעוועגונג שטעהען נאָר די סאָלדאַטען מיט די קאַראַבינען אַראָבגעלאָזט ביז צו דער ערד, ווי זיי וואָלטען גאָר נישט געזעהען, גאָר נישט גע־הערט, גאָר נישט געפיהלט, נאָר פון זײַערע באַגנע־טען ציהען זיך לאַנגע שטראַהלען, ווי דינע שפיזען, אַרויף אין דער הויך — צו די „אַרבײַטענדע“ יונגע לײַט, אַראָב אויף דער ערד צו די וואָס קריכען, רײַסען און ברעכען און אין די זײַטען — צו די מענשען־פּאַלעס, וואָס קומען אָנצושווימען פון גנאָינאַ פון ציעפּלאַ...

— הוראַ, חוש, הוראַ! — האָבען זיך ווײַטער געהערט אויסגעשרײַען פון אונטען.

— הוראַ, חוש! האָבען אויך געשריען זײַנע חברים אויבען, און ווי זיי וואָלטען איהם מקנא גע־וועזען פאַר די אַפּלאָדיסמענטען, וואָס ער האָט בע־קומען האָט יעדער פון זיי געחאַפּט וואָס נאָר שווע־

רעֶר מעֶבעֶל, געֶשלעֶפּט צום פֿעֶנסטעֶר און אַרויסגעֶ-וואָרפֿעֶן אין דעֶם מעֶנשעֶן-וואַלד, וואו עֶס איז באַלד אויף שטיקעֶר צוריסעֶן געֶוואָרעֶן.

---

פֿון עֶלעֶקטאָראַלנאַ, אָגראָדאָוואַ, לעֶשנאַ און כמעט פֿון אַלעֶ הויפֿעֶן זעֶנעֶן פּלוצלינג, ווי פֿון הימעֶל אַראָב אָנגעֶקומעֶן צולויפֿעֶן אין סאָלנאַ געֶסעֶל אַריין זעֶהר פֿיעל יונגעֶ לייט מיט פֿונקעֶנדיגעֶ אויגעֶן, פֿלאַמעֶנ-דיגעֶ פּנים׳עֶר און אָפֿעֶנעֶ מיילעֶר. די פֿייגעֶלעֶך, וואָס האָבעֶן אויף דעֶר עֶרד געֶקליבעֶן קעֶרנעֶר, האָבעֶן זיך גיך אויפֿגעֶחאַפּט, אַרויפֿגעֶפֿלויגעֶן אין דעֶר הויך, ווי זיי וואָלטעֶן זיך געֶאיילט עֶמיצעֶן צו דעֶרצעֶהלעֶן, וואָס דאָ טהוט זיך. צוריק, פֿון דעֶר הויך, זעֶנעֶן אָנגעֶקו-מעֶן שוואַלבעֶן, זיך אַראָבגעֶלאָזט ביז איבעֶר די קעֶפּ פֿון דעֶר צוזאַמעֶנגעֶשטופּטעֶר מאַסעֶ מעֶנשעֶן, אָבגעֶ-סווישטשעֶט דאָס זייעֶריגעֶ, ווי זיי וואָלטעֶן איינגעֶרוימט סודות, עֶרקלעֶרט די בעֶדייטונג פֿון דעֶר זעֶלטעֶנעֶר „פֿרייהייט“, — און צוריק געֶפֿלויגעֶן אין דעֶר הויך, געֶדרעֶהט זיך אין אַלעֶ זייטעֶן, ווי זיי וואָלטעֶן געֶ-וואָלט וויטעֶר אויסקוקעֶן, ווידעֶר עֶפּעֶס געֶוואָהר וועֶ-רעֶן און ווידעֶר קומעֶן דעֶרצעֶהלעֶן...

און צו דעֶרצעֶהלעֶן האָבעֶן דאַמאָלס געֶהאַט אויך עֶטליכעֶ ציווילּ, פֿיין געֶקליידעֶטעֶ מעֶנשעֶן, אָבעֶר נאָר פֿאַר די סטאָיקאָוועֶס, וואָס זעֶנעֶן געֶשטאַנעֶן אין ביידעֶ זייטעֶן סאָלנאַ: אויף עֶלעֶקטאָראַלנאַ און לעֶשנאָ, צו וועֶלכעֶ זיי זעֶנעֶן צוגאַנגעֶן, עֶפּעֶס איינגעֶרוימט אין די אויעֶרעֶן און גיך אַוועֶקגעֶגאַנגעֶן.

נאָך זײַער אַוועקגעהן, זענען אָנגעקומען פּאַט־רולען, זיך געשטעלט בײַ די סטאָיקאָוועס און ווי זײַ וואָלטען גאָר נישט געוואָלט וויסען; וואָס דאָ טהוט זיך, האָבען זײַ זיך אויסגעדרעהט מיט די רוקענס צו די רוישענדע יונגע־לײַט, וואָס האָבען גאָר נישט בע־מערקט: נישט די פײַגעלעך, — נישט די שוואַלבען, נישט די סטאָיקאָוועס מיט די פּאַטרולען, גאָר נישט געהאַט אין זינען, נאָר צו פערניכטען די נעטץ, אין וועלכער „אָרעמע פײַגעלעך" ווערען נעבעך געחאַפּט...

— אָט, דאָ! דאָ! — האָט אויסגעשריען אײַנער, ווײַזענדיג אויף אַקראָם מיט גרויסע שילדען, אויף וועלכע עס זענען געווען אויפגעמאָלט פּעקלעך צי־גאַרען מיט פּאַפּיראָסען.

— דאָ! דאָ! — האָט געשריען נאָך אײַנער ־־־ העדיג, אַז די מאַסע איז עפּעס ווי מסופּק.

— טאַקי דאָ! — האָט זיך געדראַכט שרײַען אַלע מענער, און פרויען, יונגע און אַלטע, אינגלעך און מײדלעך, קינדער און ניאַניעס, וואָס זענען געשטאַנען אין די פענסטער פון די הײַזער און מיט אַ שמחה גע־קוקט צו די טהירען פון דער קראָם.

נאָר אײדער נאָך אַלע זענען אָנגעקומען צו דעם הויז, וואו די קראָם איז געוועזען, איז פּלוצלינג אין דער טהיר פון דער קראָם אויסגעהאַקט געוואָרען אַ שויב און אויף די שפּיציג־קײַליכיגע שטײנער פון דער גאַס איז מיט זעהר אַ הויכען אָבקלאַנג אַרויס געפלוי־גען אַ גרויסער סאַמאָוואַר, אויף וועלכען די זונשטראַה־לען האָבען זיך אָבגעשלאָגען און פון איהם צו־ריק געפלויגען אויף די שוואַרצע, פלאַמענדיגע פּנים׳־ער, בעגעגענדיג זיך מיט די שטראַהלען פון הונ־דערטער ברענענדיגע אויגען.

חוש! — האָבען עטליכע אויסגעשריען.

— איידער מען דרעהט זיך אום, האַלט ער שוין אין איין אַרבייט! — האָבען אַנדערע איהם בעוואונדערט און גיך אויך אַריין אין קראָם.

פון דעם טהויער, נעבען דער קראָם, זענען אָנגעקומען ווי צו פליהען עטליכע ווײַסגעקליידעטע מיידען מיט צולאָזטע האָר און מיט זייערע פערלאָשענע אויגען האָבען זיי געקוקט מיט טוידט שרעק אין אַלע זייטען.

— לאָזט זיי דורך! — האָט איינער געשריען אויפהויבענדיג זיין היטעל אין דער הויך — אָרימע קרבנות!

— קרבנות פון דער בורזשואַזיע!

— קרבנות פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס קויפט אונזער לייב און לעבען, די נשמות מיט די גופים פון די שוועסטער און טעכטער פון דעם פראָלעטאַריאַט!

— קרבנות פון די הויפּט־רוצחים, גזלנים, וואָס קענען נישט לעבען אָהן גנבים און אַלפאָנסען!

— אָט זיי שפּײַזען די הינד פון די הויפּט־מערדער! אָהן זיי וואָלטען די הינד קיין קיום נישט געהאַט!

איינע, זעהענדיג, אַז טראָץ דעם שרעקליכען כעס, וואָס האָט געבלאַנקט אין אַלעמענס אויגען, טהוט קיינער זיי גאָר נישט, איז דרייסט געוואָרען, האָט זיך דורכגעשטופּט צו די טהירען פון דער קראָם, צושפּרייט די פּיס, אויסגעצויגען אין דער ברייט די הענד, ווי זי וואָלט מיט זיך געוואָלט דעם וועג פערשטעלען און מיט אַ אונ׳נאַטירליך געלעכטער אויסגעשריען:

— אַזוי פיעל אין איין מאָל!...

— דער עולם האָט געלאַכט.

— אַלעבעדיגע! — האָט מען געזאָגט.

— זעקס, צעהן, פופצעהן, מילא! — האט זי ווייטער געזאגט — אבער אזוי פיעל געסט!...

זי האט ארויסגעלאזט א הויך געלעכטער און גע־וואלט זיך ווייטער חכמה'נען, נארפלוצלינג איז חוש ארויסגעשפרונגען פון דער קראם, אראבגעריסען פון איהר דעם לייכטען, דינעם סטאניק און זי איז געבלי־בען שטעהן מיט איהר אויפגעבלעזטען, אויסגעדאר־טען גוף, געגרינצעלטע ברוסטען און דינע, ווי בייט־שען ארמען.

— געה!... עהרליך ארבייטען, ווי מיר אלע! — האט ער געשריען פאטשענדיג אויף איהרע הויך ארויס שטייענדיגע אקסעל־ביינער.

זי האט אנגעהויבען עפעס צו אנטווארטען, נאר באלד איז זי מיט איהרע חבר'טעם ארויסגעשטופט געווארען וויים, וויים, און חוש מיט נאך פיעל אנ־דערע זענען צוריק אין קראם אריין און פערשוואונדען געווארען אין די ווייטערע צימערן, וואו זיי האבען זיך גענומען צו רייסען מלבושים, קישענס, בעט־דעקען, צוהאקען כלים, בעטען, טישען טישלעך, שטוהלען, סאפקעס.

— וואס זיי דארפען אלץ! א טיש? א שפיגעל?... וואס איז דאס? — האט געשריען אקס, אויפהעבענ־דיג א זעהר שווערע טואלעטע און ווארפענדיג זי אויף דער ערד.

— און ווי שטארק איז דאס? — האט ער ווייטער געשריען זעהענדיג, אז זי איז גאנץ געבליבען.

— שטארק! שטארק! — האט חוש געברומט ווי מיט כעס—נישט שטארקער זאל זיין דער גאנצער ביזהעריגער ארדנונג, וואס מאכט פון דעם פראלע־טאריאטס קינדער אזוינע אונפערשעהמטע חיות!...

און ער חאַפּט די טואַלעטע אין זיינע בּיינערינגע הענד, הויבּט זי אויף איבּער׳ן קאָפּף זיינעם און וואַרפט זי מיט׳ן גאַנצען כח צו דער ערד.

— אָט אַזוי שטאַרק איז דאָס! — האָט ער אויסגעשריען וועהענדיג, אַז זי איז אויף קליינע שטיקלעך צושמעטערט געוואָרען.

פלוצלינג האָט זיך איהם אָבער אָנגעהויבּען דער קאָפּ צו דרעהען און אין די אויגען דונקעל צו ווערען.

— אֶפשר אַ יושר! — איז איהם דורכגעפלויגען אַ געדאַנק אין קאָפּ.

פון חנה-לאה׳ן איז דאָך אַלץ געגנוג... אַנדערע, שענע בּעלי-בּתים, ווען זיי דרייַ: ער, בלומהלע און מאַשעלע זענען געבּליבּען יתומים אָהן אַ פאָטער און אָהן אַ מוטער, האָבּען אַפילו חובות פאַר זיין פאָטערס שווערע, בּיטערע אַרבּייט נישט געוואָלט בּעצאָהלען... בלומהלען פאַר אַ דינסט האָט קיין שום בּעל-בּית׳טע נישט געוואָלט אָננעהמען אַפילו אָהן שכירות; מאַשעלעם עסען איז זיי צופיעל געוועזען... אַ גליק טאַקי, וואָס עס האָט זיך געפונען אַ חנה-לאה די מעקלערן, וואָס פאָהרט אָפט קיין וואַרשאַ מיט דינסטען און אַמען, און זי האָט די אָרימע יתומים אַרייַנגענומען, אַז בלומהלע זאָל אָבּהיטען דאָס ווירטשאַפט און מאַשעלע זאָל זיך שפּילען מיט די קינדער. איהם, חיים׳ען, האָט זי אויך געפיהרט קיין וואַרשאַ און אָבּגעגעבּען צו אַשניידער... האָט זי נישט רעכט, וואָס זי טענה׳ט, אַז זי קען מעהר נישט, ווי עסען געבּען, און קליידלעך און שיכלעך קען זי די יתומים נישט מאַכען, חאָטש זיי געהן אַרום נאַקעט און בּאָרפוס?... וואָלט ער מעהר פערדיענט, מילא,

וואָלט ער חנה־לאָה'ן געגעבען... אָבער, אַז שוין אַפּילו נאָך די סטראַייקען, וואָס האָבען געקאָסט אַזוי פּיעל געזונד, פּערדיענט ער אין גאַנצען, חוץ עסען און דירה, איין רובל אַוואָך און אין גאַנצען ערשט פון אַזאַן קורצע צייט!... און אַז דאָ, ביי זיינע פּיס, צווישען די שפּענער און צעבראָכענעם גלאָז וואַלגערן זיך גאָלד־שטיקלעך—וואָס פּאַר אַ שלעכטס וועט זיין, אַז — בלוטהלע מיט מאַשעלען וועלען אויף אַ צייט פּערזאָרגט זיין מיט קליידונג און שיך און וועלען נאָך האָבען קישענס אונטער'ן קאָפּ אויך?

ער חאַפּט אַ גרויסע גיפּס־פּיגור און וואַרפּט אויף דעם אָרט, וואו די מטבעות זענען געלעגען.

ער טהוט זיך אָבער אַ טרייסעל און טרעט האַסטיג מיט די פּיס אַ גרויס בילד, אין אַ געלבע מיט בראָנז בעלעגטע ראַם, וואָס פּיפּקע האָט פון דער וואַנד אַראָבגעריסען.

— ניין! — מורמעלט ער.

פּאַר די אויגען איז איהם געשטאַנען מענה־לשון מיט דער אויסגעצויגענער ווייסער האַנד זיינע, און אין די אויערען האָבען איהם געקלונגען די ווערטער, וואָס מענה לשון האָט געזאָגט אין זיין רעדע, איידער מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט.

— דער פּראָלעטאַריאַט מוז אַלס מוסטער דינען!... נישט גענומען זאָל דאָס מינדיסטע ווערען!...

אין מוח האָט איהם געצויגען, געדרעהט ווי מיט אַנ'עגבער.

— ווער ברויך דען צו וויסען?...

ער חאַפּט אָן מיט כעס אַ הענג־לאָמפּ, רייסט איהם אָב האַסטיג פון די קעטען און טרעט איהם מיט די פּיס.

— דער פּראָלעטאַריאַט שפּײַט אויף געלד! — קלינגענדיג. מײַנע אויערען די ווערטער פֿון מ ע נ ה ־ ל ש ו ן — די ממשלה איבער דער וועלט, די וואָס קומט איהם מיט רעכטשאַפֿענהײַט ... וויל ער! און נאָר ווען דער בעוואוסט־זיניגער פּראָלעטאַריאַט וועט ווײַזען דער וועלט, אַז געלד איז בײַ איהם בלאָ־טע, וועט דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט בעוואוסטזיניג ווערען און דאַמאָלס וועט ער הערשען, הערשען איבער אַלעם!

— און דאַמאָלס וועלען דאָך בלומה׳לע מיט מאַ־שעלען און מיליאָנען, ווי זיי, אָרימע יתומים נישט דאַרפֿען געהן נאַקעט און באָרוואָס!...

— און ח ו ש טהוט זיך ווידער אַ שטאַרקען טרײַ־סעל, בויגט זיך אַראָב, כאַפּט דאָס געלד און שרײַעט:

— חברים! זעהט!...

און קלינגענדיג מיט די מטבעות, ווײַזט ער זײַ אַלעמען, וואָס ער האָט דאָ געפֿונען.

— פֿינף צעהנרובעלדיגע! — האָט פ י פ ק ע אַרויס־געשריען און זײַנע אויגען זענען זעהר ברייט געעפֿענט געוואָרען.

— אויף אָרגאַניזאַציע — האָט ש מ אַ ט ע געזאָגט.

— חלילה! — האָט ב ו ר ע ק זיך געבייזערט — מען קען דאָס געלד נישט נעהמען! נישט געלד מײַנען מיר!...

— זאָל מען עס פֿערברענגען! — האָט דער אָ ק ס אַן׳עצה געגעבען...

— פֿערברענען געלד! — ווערט אַ געלעכטער.

— וואָס מ ע נ ה ־ ל ש ו ן וועט הייסען, וועט מען דערמיט טהון! — האָט ח ו ש געזאָגט.

— מ ע נ ה ־ ל ש ו ן ! — האָט פּ י י פ ע ר זיך גע־כעס׳ט — און מיר אַליין ?! אַזאַן גרויסע זאַך איז דאָס ?... אין קאַנאַל אַרײַן !...

און איידער פּ י י פ ע ר האָט נאָך געענדיגט, איז שוין ח ו ש געוועזען אויף דער גאַס.

— זעהט ! זעהט ! פינף צעהנרובעלדיגע ! — האָט ער געשריען האַלטענדיג אויסגעצויגען די האַנד מיט די מטבעות און דורכשטופּענדיג זיך דורך הונדערטער מענשען, וועלכע האָבען מיט נײַגיריגקײַט געקוקט, וואָס מיט דעם געלד וועט ווערען, האָט ער זיך אַרויסגעזוכט די גראַטען פון דעם קאַנאַל און פון דער הויך, אום אַלע זאָהלען זעהן, האָט ער מיט אונגע־הויער צופרידענהײַט אַראָבגעלאָזט די מטבעות, אײנע נאָך די אַנדערע, צווישען די אײַזערנע שטאַבען.

— חברים צו הילף!

עס איז געוואָרען אַשרעקליך געטומעל, אַ שטופערײַ אין אַלע זײַטען, די ברײַטע גאַס לעשנאָ האָט אויסגעזעהן, ווי אַ גרויס, שוואַרץ, רוישענד ים.

— אונזערע, אונזערע חברים שיסט מען!

— מען שטיכט! מען הרג׳עט!

— די אַלפאָנכען ווערען דאָרט געשיצט פון זײַערע שותפים!...

— די מוידען זענען אויך אַרויס מיט מעסערס און רעוואָלווערען !...

— פּ י י פ ע ר, ש מ אַ ט ע, ב ו ר ע ק זענען שווער פערוואונדעט! — שרײַעט אײַנער סאַפּענדיג זעהר שווער.

— צו הילף! גיך! אויף אַלט־שטאָדט!

די אויפרעגונג איז אונגעהויער שרעקליך גע־וועזען, אַלעמענס אויגען האָבען געשאָסען מיט פײַער,

די פּויסטען זענען צוגעדריקט געוואָרען ווי אין קאָנ־וואָלסיע, הונדערטער הענד זענען אויפגעהויבען גע־וואָרען אין דער הויך, אין דער לופט האָבען געבלאַנקט רעוואָלווערען, מעסערס און שטילעטען און שוואַר־צע פּאַליעס האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווארפען אויף טלאָמאַצקע גאַס, צו אַלט־שטאָדט צו.

נאָר פּלוצלינג האָט זיך פון צווישען די שוואַרצע פּאַליעס, ווי אַ זעגעלבוים דערהויבען אין דער הויך מענה־לשון, וואָס איז געזעסען אויף די אַקסלען פון צוויי הויכע יונגע־לייט.

— חברים! — האָט ער געשריען אויפהעבענדיג אויף אַ שטעקען זיין הוט אין דער הויך.

און איין אויגענבליק, ווי מיט משה רבינו׳ס שטעקען, איז דאָס גאַנצע ים בערוהיגט געוואָרען און די לויפענדע פּאַליעס זענען געוואָרען איינגעהאַלטען,

און מענה־לשון האָט ווייטער געשריען:

— חברים! נישט ריהרט זיך פון דאַנען!...

— בלוט! אונזערע חברים׳ס בלוט! — האָבען פיעל געשריען.

— מיר וועלען נישט שענקען!

— נישט שענקען! — האָט זיי געענטפערט מענה לשון — נישט נאָר דאָס בלוט, וואָס זיי האָבען איצט פערגאָסען, אָבער אויך דאָס בלוט פון טויזענדער חברים אונזערע, וואָס זענען דורך זייערע מסירות אומ־געקומען פון ענויים, אויף תליות און אויך דאָס בלוט פון די פּאָגראָמען, — וועלען מיר נישט שענקען!... אָבער איצט אויף אַלט־שטאָדט?!... אַ שאָד די קרבנות אונזערע!...

און ער האָט ערקלערט, אַז איצט בשעת אַלע גנבים און אַלפאָנסען האָבען זיך געמאַכט אַ פּעסטונג

אויף אַלט־שטאָדט, קענען זײ, צוזאַמען מיט די שותּפים זײערע, אומבּרענגען פֿיעל נפשות, װעלכע קענען דאָך נאָך זעהר פֿיעל נוצען ברענגען, און אפֿילו נאָך הײַנט, װען די קריסטליכע חברים װעלען פֿרײַ װערען פֿון דער אַרבּײַט, װעלען זײ זיך אַלע צונויף נעהמען און דאַמאָלס װעט מען קענען אײַנגעהמען די אַלט־שטאָדט און אַפֿילו טאָװאַראָװאַ אויך. דערװײַל אָבער קען מען זיך בּעגניגען לאָזען מיט לעשנאַ און נאָך אַזױנע...

— אָבער מיט מוטה, חברים! — האָט מענה־לשון געענדיגט — זאָלען אײַך די קדושים, די העלדען אונזערע אַלס מוסטער דיענען! מיט מסירות הנפש!... ראַטעט אויס די רוצחים, פֿערניכטעט אַלץ װאָס זײַער איז!... אַ טױדט!.. אַ טױדט!.. אַ טױדט!

די הױכע, רױשענדע, לאַנג דױערענד אַפּלאָדיסמענטען זענען אױסגעמישט געװאָרען מיט אַ הױכען קלאַנג פֿון טעלער, שפּיגלען, כּלים. װאָס זענען אַרױס געװאָרפֿען געװאָרען אויף דער גאַס דורך אַ פֿענסטער פֿון דער הױך.

אין דעם צװײַטען פֿענסטער, פֿון אונטער אַ גרױסען פּאַק מלבּושים, האָבּען זיך געװיזען חוש׳ס שװאַרצע, געקרױזעלטע האָר. אונטער איהם איז געשטאַנען אַ בּלאַס יונג מײדעל, און מיט איהר גאַנצען כּח זיך בּעמיהט אַרױס צו רײַסען פֿון זײַן האַנד דעם פּאַק.

— אַ בּ ל י י ע ר! — האָט מען פֿון אונטען צו איהם געשריען — אַ בּ ל י י ע ר שענק איהר!

— מיט דער נ אָ ע ל גיב איהר! — האָבען אַנדערע געשריען — מיט דער נ אָ ע ל!

חוש האָט אויבען נישט געהערט, װאָס מען שרײַט אונטען, און אונטען האָט מען נישט געהערט.

ווי דאָס מיידעל בעט זיך:

— רחמנות! רחמנות אויף אַיתומה!...

אַ יתומה! — האָט זיך חוש געקלערט — ווען נישט זי, מיט וויפיעל יתומים וואָלט אויף דער וועלט וועניגער געוועזען!... און די מוטער זיינע! אין אַ פּאָגראָם!... נישט זייער שותּפות!...

— אַ יתומה! אַנ'אָרימע יתומה ראַטעווען! — האָט זיך ווייטער דאָס מיידעל געבעטען, רייסענדיג דעם פּאַק מיט איהרע אַלע קרעפטען.

חוש שליידערט אַרום דעם פּאַק מיט איין האַנד און מיט דער צווייטער...

— מאַשעלע! — שרייעט אַרום דאָס מיידעל פאַלענדיג אויף דער ערד.

חוש טהוט אַ שפּרונג אונטער זיך, זיין האַנד ווערד אויסגעצויגען שטייף, ווי דער שטילעט, וואָס די פויסט איהרע דריקט קאָנוואולסיש און זיינע אויגען קוקען ווילד אויף דעם מיידעלס טוידט־ווייסען פּניב און אויף דעם באַך בלוט, וואָס ציהט זיך פון איהר זייט.

— מאַשעלע! — זיפצט דאָס מיידעל וואַלגערינדיג זיך אין איהר בלוט — חנה־לאה!... פערקויפען... ווי מיך... געזאַמעלט... געוואָלט אויסקויפען זי... חאָטש זי... געזאַמעלט!... אַ רויסגעוואָרפען... אוי!... מאַשעלע!...

— בלומהלע! — טהוט חוש אַ ווילדען געשריי, שפּרינגט צוריק צו דעם מיידעל און — — — —

און צוויי באַכען בלוט; פון דעם מיידעל און פון חוש פליסען ווייט, ווייט, זיי גיסען זיך דערנאָך צוזאַמען, פערמישען זיך און ווי מיט אַרויט לײַלעך בעדעקען זיי די גאַנצע גרויסע דיעל.

ע. נ. פרענק.

אויסגאבע „פערלאגס־ביורא" ווארשא.

עס איז הערויס פון דרוק אין א נייע אויסגאבע

# „די וועלט געשיכטע"

## פון י. דינעזאהן.

דאס בעקענען זיך מיט די „וועלט געשיכטע" איז זעהר וויכטיג פיר יעדען מענש. דאס בוך מאכט וויסען ווי אזוי די מענשהייט האט זיך ענטוויקעלט פון אנהויב אן ביז דער צייט פון זיטליכטייט און ציוויזאציע. אויך איז די „וועלט געשיכטע" איינס פון די בעסטע מיטלען צו זעלבסט־בילדונג, אז דער מענש זאל זיך בילדען אליין אהן שולען און לעהרער. דאס בוך ערקלערט איהם ווי אזוי אלע גרויסע אידעען, גוטע זיטען און מאראל האבען זיך דורכגעשלאגען א וועג און צושפרייט צווישען מענשען, ווי אזוי דער אמאליגער, אונוויסענדער מענש איז דערהויבען געווארען צו זיין איצטיגען ציוויליזירטען צושטאנד.